ב ר כ ה  ק ו ד ל י

# ניט אויף ברויט אליין

ל י ד ע ר



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשל"א — 1971

## צום ליד

ווי אַ הייליקער שפּרוך
אין אַ תפילה,
וואָס ברענגט רו צו געמיט —
אַזוי האָסטו, ליד,
מיט דיין טריישאַפט
און אַזוי שטיל,
ווי קול דממה דקה ,
ווידער און ווידער
רגעס פון רו געשענקט
צו מיין געמיט.

אַזוי ווי דער בוים
אונטער מיין שויב,
האָט יעדן באַגינען
אָנגעקלאַפּט
צו מיר מיט זיינע צווייגן
און צום טאָג אַרויסגערופן ליבשאַפט —
אַזוי האָסטו, ליד,
מיט דיין וואָרקנדיקן לשון
פון אַ טויב
מיך געטרייסט,
אַ ניגון אין מיר אָנגערירט
און פון מיינע חושים
אַרויסגעצויגן זיסשאַפט.

דו ווייסט,
עס איז שוין שפּעטער האַרבסט
אין מיינע יאָרן,
נאָר איך בין נאָך אַלץ
ניט זאַט מיט דיר
מיין ליד, מיין קרעדאָ.

פאַרלאָז מיך ניט אַצינד —
איידער מיין שעה וועט שלאָגן.
שעפּטשע צו מיר אויפן אויער
נאָך עפּעס אַזוינס —
פון וואָס איך קען זיין באַרוישט
און וואָס דו האָסט ביז אַהער
נאָך ניט דערזאָגט.

## השפעה

**פאַר יעקב גלאַטשטיין, צו זיין ווערן אַ בן־שבעים**

איצט — ווען עס זענען שוין מיינע האָר
אין דער זכיה פון גרויער טריישאַפט
און ס׳שפּעטיקט מיט שאָטנס אין מיין טרייסט
און שווערער ווערט דער וועג וואָס איך גיי —
פאַרלויפן מיר דעם וועג
פאַרבענקטע יאָרן מיינע
פון אַמאָל געוועזן.
דאָרט, אין דער היימישער אוקראַיִנע,
ווו ס׳איז געשטאַנען מיין וויגל,
אין שפּיגל פון מיין געדענקען —
שפּיר איך דעם ברויז,
וואָס ליגט נאָך פאַרטייעט,
אין מיינע טריט אָפּגעהיטע.

נאָך איידער — — —
אַלץ וואָס איז באַשערט
געווען איז פאַרשפּינט אין אַ שטייגער.
אָט זע איך מיין טאַטנס פּנים
אין רויִקער פרומקייט
און כ׳הער זיין קול,
וואָס איז פאַרבליבן אין מיין געמיט —
ווען ער האָט דעם שיר השירים
אויפגעזונגען.

אַט הער איך דעם שעפּטש פֿון אמונה
יעדן פֿרימאָרגן,
זיין נוסח,
ווען ער טוט אויסציִען זיין תּפֿילה
צו א־ח־ד
וועקט אין מיר פֿאָרכט.

אַ פֿאַסיקל זון שטראָמט אַריין אין פֿענצטער,
דאָס וועקן פֿון טאַטן
טוט מיינע אויגן אַ גלעט
דער קאַרשן־בוים אין גאָרטן רעדט
מיט צווייט און ווייסן זומער־זעט.

איך כאַפּ זיך אויף אַ צעחלומטע
און דערזע
פֿון יידישן האָב־און־גוטס דעם יסוד —
דער טלית ליכטיקט
אַרום דעם טאַטנס גוף,
ס׳טריפֿט מיט הימל אויף דער ערד,
דער של־ראש, דער של־יד
טוען אין מיר אַ פֿלאַטער
מיט חשיבֿות און מיט סוד,
מיט מחשבֿה צו א־ח־ד אין מיין געמיט,
ווי אַ בשׂורה,
די ערשטע שורה צו אַ ליד.

אַרומגערינגלט מיט ספֿרים פֿון דויער —
טרינקט דער טאַטע אַ באַרווישטער

דעם כוס פון תנכישע חזיונות.
דער ניגון דערביי איז מער ווי אַ ניגון
און זיין קול איז אַ ציטערדיקע פלייט.
מיט פעדעם פון אמונה —
האָט דער טאַטע פאַרבונדן אין מיין געמיט,
מיט געטרייע הענט
און מיט בענטשונג,
כישוף פון וואָרט,
וואָס גליט נאָך ביז היינט,
ווי אַ שטראַלנדיק ליכט,
וואָס ער האָט אָנגעצונדן.

## דער מאַמעס לייכטער

אין מיין צימער איז טונקל.
באַחנט מיט פרומער היים,
מיט פאַרגאַנגענהייט פאַרשפּינט,
דרימלט דער מאַמעס לייכטער אין ווינקל.
ער חלומט פון פלעמלדיקע ליכט
און פרייטיק־נאַכטיקע שפּורן
און וועקט בענקשאַפט נאָך שלווה
און פאַרגאַנגענע יאָרן.

אָפט מאָל —
אין מאָמענטן פון זיין פאַרטרוימט,
ווען דער ווינט צערוישט
אין פענצטער דעם בוים
און זונפאַרגאַנג
וואַרפט די לעצטע שטראַלן
אויפן לייכטער —
ווער איך אין מחשבות פאַרוועבט —
און פרומע מאַמעס וואָס בענטשן ליכט
ווערן מיר נאָענט, נאָענט.
די פלעמלעך גאָלדיקן
אין דער טונקעלער בלויקייט פון אָוונט,
ס'טוט אַ בלענד שבתדיקע רו,
שיר־שיר הער איך
ווי די מאַמע פליסטערט תפילה שטילערהייט.

איך זע דעם פלאַטער פון אירע צאַרטע הענט
איבער די ברענענדיקע ליכט,
איך הער כמעט דעם רויש פון איר קלייד,
כ׳שפיר די וואַרעמקייט
פון אירע צניעותדיקע אויגן,
דעם ברויז פון איר גלויבן,
וואָס די לייכטער האָבן איינגעזאַפּט אין זיך,
אירע טרערן,
וואָס זי האָט אַריינגעוויינט
אין די מעשענע רערן —
און עפּעס נאָך, און עפּעס נאָך...

# ברויט אין דער היים

ס׳גייט אויף אין מיר דער זיסער טעם
פון געשמאַקן קאָרענעם ברויט,
וואָס מיין גוטהאַרציקע מאַמע
האָט אַליין געבאַקן.
ס׳בלענדט די מעל מיט זון און זעט
און מיט אַלע סודות,
וואָס די ערד האָט איר פאַרטרויט.
די מאַמע זיפּט אוים די מעל
גיסט צו אַ קווערטל שפּילעוודיקע הייוון,
וואָס באַרוישט די מעל,
וואַסער מחיהדיק פריש מיט קילן דעמער,
ערשט געבראַכט פון ברונעם
גיסט זי פונעם עמער,
עם שעפּטשען אירע ליפּן
עפּעס אַ שפּרוך,
אַז דאָס ברויט זאָל איר געראָטן.

ביי נאַכט, ווען עס שלאָפט דאָס הויזגעזינד,
גייט אויף דער מאַמעס געבעט
איינגעוויקלט אין אַ שאָטן,
וואָס היט און יערט און שפּינט
דעם געשמאַק, די זיסקייט און די זעט.

עס בליט אין פענצטער דער באַגינען
און וועקט די מאַמע אויף צום ערשטן,
זי איילט אַהין —
ווו עס ליגט רחבותדיק און אָנגעקוואָלן
ס׳אויפגייענדיקע ברויט.
דער מאַמעס בליקן פאַרחלומטע
מיט אידיליע פון לעבנסשטייגער
איר גוטסקייט פאַרוועבט
מיט איר טריישאַפט צו איר הויזגעזינד,
וואָס זי קנעט אַריין אין טייג.

אויף דער פּאָליצע די ברויטן
שטראַלן מיט גוטסקייט און זעט.

## באָבעשאַפּט

מיין אויסגעחלומטע,
ווער האָט אַזוי פיל דינקייט
דיין פּנים געשענקט?
אפשר מיין טיפער בענקען.
דער צוויט פון מיינע חלומות
האָט אין דיינע אויגן
פאַנאַנדערגעבליט
מיין חלק בלויקייט,
דער בלאָנדער זייד
פון דיינע ערשטע הערעלעך
לויכט אַנטקעגן
די ערשטע שאָטנס פון מיין עלטער.

ווי עס טרינקט אַ דאָרשטיקער
די זיסקייט פון אַ פולער טרויב,
אַזוי טרינק איך מיט אַלע מיינע חושים
דיין ערשטן גערייד,
וואָס טירקלט ווי אַ שטילע טויב.

די משפחה־שותפותן פון מיר צו דיר
ווערן פאַר מיר פליגל —
זיי טראָגן מיך אַוועק צוריק
צו מיינע קינדער־יאָרן,
אין דיין ליבן פּנים
דערזע איך זיך אַ קינד,
ווי אין אַ שפּיגל.

מיינע שטילע חלומות
אין דיר איינצווועבן —
האָט מיר גענומען — אַ גאַנצן לעבן.

און איצט וויל איך מיט דיר צוזאַמען
חלומען פאַר דיר אַ מזלדיקן וועג,
וואָס זאָל דיר גרינג אָנטקעגן קומען —
פאַר דיינע ערשטע טריט.

כאָטש איך בין שוין נישט יונג,
נאָר די קיינייטשן אין מיין פנים
און די גרויקייט אין מיינע האָר
האָבן אַ ביסל פאַרשפּעטיקט.
די צייט האָט איבער מיר קיין שליטה —
כאָטש איך בין מיט ליידן אָנגעזעטיקט,
האָבן זיי מיין גרויקייט
נאָך ניט אויפגעוועקט.
געבענטשט זאָל זיין דיין קומען —
האָסט מיין באַבעשאַפט אָנטפּלעקט.

## סטעזשקע

אַזוי לויטער ווי מיין בענקען —
זע איך
מיין מאַמעס מילדע אויגן
און הער איר צערטלעך געטרייען
זינגען בלחש
ביים שוועסטערלס וויגל —
אַזוי ווי איך זע מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן
מיין בליק אין שפּיגל.

אין מיין געדענקען
זע איך דיך, סטעזשקע,
מיט מיין געמיט
פון ברויז און פליגל
ביים שוועל פון דער היים;
ווי אַזוי דו האָסט
אין פאַרנאַכטן בלוילעך
מיר געלאָקט אַזוי געהיים.
מיט באַחנטע גרעזלעך פריש
האָסטו געטוליעט זיך טרוילעך
צו מיינע טריט
און געבעטן צו שענקען דיר אַ ליד.
דו האָסט זיך געצויגן
אין טאָל צווישן זאַנגען,
ווען —
ניט איין מאָל
בין איך שפּאַצירן געגאַנגען
מיט אַ פריינד קעגן זונפאַרגאַנג.

מיט אַ שטילקייט
פון קול דממה דקה
האָט מיך אַ טייכל,
וואָס האָט דערבײַ געפּליסט,
פֿאַרכישופֿט מיט ליד,
ווען דו האָסט מיך, סטעזשקע,
געפֿירט,
צו צעבלעטערטע ביימער
מיט ריטמישן רוישן,
צו וועלדער
מיט יאַגעדעס ווילדע,
וואָס קינדער
האָבן מיט חשק געקליבן
און געוואָרפֿן אין שטרויענע קוישן.

אויף מײַנע זיבעצן יאָר
האָבן שוין געלאָקט
ליבשאַפֿט־ווייען,
נאָר איך האָב כסדר
עפּעס געזוכט
אין דעם אַראָמאַט
פֿון אַקאַציע־אַלייען,
כ׳האָב געהאָפֿט און געבענקט,
שטילערהייט געוויינט
איבער לערמאָנטאָווס סטראָפֿן.
פּלוצלונג
האָט עפּעס
מיך מיט דיר צעשיידט,

כ׳האָב ניט אַזוי געמיינט
ווען ס׳האָט געטראָפן.

ס׳האָט זיך געיאָוועט
אַ לאַנגער וועג
מיך אַוועקגענומען
פון היימישן שטיבל
און שלווה פון שבת,
צו אַ ווייטן לאַנד
און שטאָטישן פיבער,
צו אַ שווערן וועג,
וואָס האָט געוואַרט אויף מיינע טריט.

דאָ,
ווו איך בענק נאָך ביז היינט
צו דיר, סטעזשקע,
ווו ס׳איז אויפגעגאַנגען אין מיר
די זון
צום ערשטן ליד.

## ניט אויף ברויט אַליין...

עס ברענט אין בראָנז דער זונפאַרגאַנג,
אַ שטילקייט פאַלט
אויף טרוקענעם הולך פון מדבר־גאַנג,
פאַרוואָגלט און נע־ונד,
אויף בערג־שפּיצן אַ קייט
און אויף צוויי חברים,
וואָס וואָגלען מיט דעם מדבר מיט
און רירן אָן די שטילקייט מיט רייד.

זאָגט איינער:
ווי טרויעריק די זון פאַרגייט,
איך פאַרשטיי ניט באמת
וואָס אַזוינס לאָקט מיר אַהער —
צו דער ערד דער פאַרשטערטער,
צי זענען עס די שאָטנס
פון אונדזערע אָבות,
וואָס לויערן ערגעץ
אין די ווינקלען פאַרבאָרגן
און וועקן גלויבן און געהיימעניש.

איצט איז ערב־שבת
און מיר האָט זיך פאַרבענקט
נאָך דעם טעם פון אַ חלה
אין אַ יידישער היים.
לאַנג ציטערן די רייד
אין געמיט ביים צווייטן
און ער רופט זיך אָן:
אָ, ניט נאָר נאָך טעם

דיין בענקשאַפט באַשטייט —
לא על הלחם לבדו...
ס׳איז פאַרבונדן די יידישע חלה
מיט באַפליגלטן בטחון,
מיט האָפענונג אויף זעט,
מיט טרערן אין דער תפילה
פון גשם־געבעט ;
ס׳באַגלייט אַ פאַרטרוימטער האַפן
די יידישע טריט
אַפילו אין דער וואָכן.
די יידישע חלה —
ס׳זאָל ניט פאַרשטערט ווערן —
זי בלענדט מיט פלאַם אויף איר פנים,
צענויפגעגורלט
מיט פלאַם פון אונדזער שטאַם,
וואָס קען פאַרברענט ניט ווערן.

בראָנז פון זונפאַרגאַנג
נעמט אויף שטום־לשון ריידן
און טוט אַ דערמאָן די זעט
אינעם נס פון מן.
פאַרטיף דיין געמיט
אינעם כישוף —
צו אַלערליי טעמים פאַרטרויט —
ועסטו דערשפירן ניט נאָר די וואָך —
ווי ברויט לשם ברויט — נאָר עפּעס נאָך...

## בראשית ברא

געבענטשטער בית,
ס'איז דיר צוגעטיילט געוואָרן
די זכיה — ראשית:
צו זיין דער ערשטער אות
און אויפצורוישן
אין דער איינמאָליקער שורה —
ב ר א ש י ת  ב ר א.

און כאָטש דו ביסט דער צווייטער
אין שנור פון יידישן אלף-בית,
ביסטו דער מחותן הראשון ביי דער השגחה
אין דיין הצלחה —
זיך צו אַנטפלעקן אין דעם וואָרט,
וואָס טוט אַ קלונג ווי אַ גאָלדענער גלאָק —
א ב ו ת נ ו.

אין דעם הייליקן וואָרט,
וואָס איז תורה פאַר אַלע צייטן
ביים איינציקן פאָלק פון א ח ד,
ביסטו זיך מתיחד
מיטן וואָרט נביאים,
וואָס איז אייביקער קיום.
דו ווערסט געשעפּטשעט
יעדן פרימאָרגן פון יעדן ייד —
ביים דאַווגען —
דאָרט אין דער קדושה פון גלויבן

ביסטו דער ערשטער אות
פון די ברכות.

געבענטשטער בית,
נעם אויך צו מיין לויב,
פאַר וואָס איך בין געבענטשט —
צו האָבן די הצלחה
צו התמענען מיט דיין ערשטן זילב
מיין יעדן ליד —
מיט מיין נאָמען ברכה.

## מזל־טוב

ווּ זענען די יידישע כלות
פֿאַרבענקט און טריב,
וואָס האָבן געשעמט זיך צו זאָגן,
אַז זיי האָבן דעם חתן ליב.

ווי ווייסע העלדזוער פֿון שוואַנען
האָט אַ ליכט געטאָן אַ שלאָג —
פֿון וואַנען ?
אַ כלה פֿאַרבענקט
פֿון אַ יידישן שטעטל
און פֿון יידישן יחוס אַ צעטל.

אין אַ הייליקער שליחות
דער כלהס שיינקייט קומט ;
איר פּנים איז ווי די זון ליכטיק
און די הענט אירע ווי בלומען,
ווען זיי ציִען זיך פֿאַר די בענטשליכט.

קומט דער חתן אָנקוקן די כלה —
די טיי ווערט קאַלט,
די כלה זיצט,
די שטילקייט ווערט פֿאַרשפּיצט,
דער חתן שליסט אויף מיט זיין בליק
דער כלהס פֿאַרבאָרגענעם חלום,
די כלה, וואָס וויינט און פֿרייט זיך און וויינט,
און פֿאַרכישופֿט דעם חתן מיט איר מיידלשן חן.

ס׳איז אַ חתונה אין אַ גרויסן שאַלאַש,
די מחותנים פלעכטן זיך אין טאַנץ און אין רעש,
דער כלהס חברטעס דרייען זיך אין קאַדרילן
אַהין און צוריק —
צום טאַקט פון כליזמרס שפּילן.

ס׳גאָלדיקט דעם צוקער-לעקעכס שמייכל,
קאָסע געשניטן
צו דעם מאַסיוון האָניק-לעקעך,
מענעריש פאַרברוינט,
וואָס ליגט אין מיטן
אויף די רחבותדיקע טישן;
דער קומיש-ברויט
איז פאַרזונקען אין געדאַנקען:
עס מוז אַ גרויסער סוד אין שטרודל שטעקן.
ווי דורך אַ שלייער
עס הערט זיך אַ שושקען פון צימרינג מיט נים,
די עפּל מיט ראָזשינקעס טוען זיך אַ בים,
צו דעם ווינקל וווּ די כלה זיצט פאַרבענקט
און שפּיגלט זיך אין צירונג,
וואָס דער חתן האָט איר געשענקט,
ווינקט דאָס מאַנדל-בייגעלע,
אָנגעפּילט מיט יידישן חן,
וואָס איז בלאַס ווי די כלה אַליין —
פון דעם תענית און פון איר ליבע-סוד
זי בעט ביי איר גורל
ער זאָל איר באַשערן אַ מזל
צו גאָט און צו לייט.

זי טרוימט פון איר חתן
נאָענט און ווייט.
די געסט פאַרזוכן דעם צוקער־לעקעך,
דעם ברוינעם האָניק־לעקעך,
אַ טונק אין וויין,
נאָר דעם שטרודל לייגט מען אין פאַטשיילע אַריין,
דאָס מאַנדל־בייגעלע —
ס'איז אַזוי אומשולדיק —
ס'איז ניט צום עסן.

למען השם ניט פאַרגעסן די מצווה
צו ברענגען פון חתונה־לעקעך אַהיים.
די כליזמר שפּילן —
דער חתן קומט אַריין
מיט אַ טוליענעם דעקטוך
באַדעקט ער די כלה אי היימיש אי געהיים...
מזל־טוב !

## „עסן טעג"

פון פֿאַרגאַנגענע ווייטע יאָרן
טוען זיך בלעטער
אין מיין זכרון אַ מיש —
און איך געדענק אַ ישיבה-בחור,
וואָס איז געקומען עסן טעג
ביי מיין טאַטנס טיש.

זיין פּנים איז פֿאַרוואָלקנט
מיט אַ טריב געמיט —
שווער איז געווען די מדרגה;
חשק צו תורה
און צוואַנג פון נויט,
און אפשר „שלינגט ער טרערן"
מיטן ביסן ברויט.

ס'האָט יעדער ייד,
וואָס האָט געגעבן „עסן טעג"
זיך געפילט ווי אַ שותף
צו דעם בן-תורה,
וואָס דאַרף אויפהאַלטן
די גייסטיקע אוצרות
פון עם הספר.

און אַזוי אַרום
גיבן אַ תּיקון
דעם פּשוטן יידנס לעבן,
וואָס האָט מיט שטאָלץ אויף זיין אַקסל
געטראָגן די וועלט פון ישיבות
און די יידן פון תּורה.

זאָלן די היינטוועלטיקע יידן
זיך נעמען אַ מוסר־השׂכּל.

## MOONLIGHT SONATA

כ׳האָב ליב אין שטילער פאַרטראַכטקייט,
מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן,
מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן,
צו טרינקען דעם פאַרנאַכט.
ס׳איז ליב צו קוקן
ווי ער שאַרט זיך ביי די שוועלן,
גלעט אַראָפּ דעם טאָג
מיט אַ שפּרוך אַ שטילן.

צו זען ווי ער קלעטערט אויפן סאָסנעבוים,
וויקלט אים איין אין אַ חלום
און קרושעווע אוזאָרן
שפּינט ער אוים מיט שאָטנס צווישן בלעטער;
באַפעלט דעם ווינט,
אַז ער זאָל איינצערטלען די צווייגן
און פאַרשלייערט בין־השמשות מיט אַ שווייגן.

שפּעטער באַשפּרינקלט דער פאַרנאַכט
מיט וויאָלעט די פיילכן־בלומען,
ער טוט זיך אַ פאַרטאַיע אין אַ ווינט,
באַהאַלט זיך אונטערן טולפּאַן,
מיט טונקל בלוי באַשפּריצט ער זיינע פאַרבן,
פאַרמאַכט זיין בלעטל און פאַרשווינדט.

אַ זשמעניע קאָלירן טוט אַ וואָרף דער פאַרנאַכט
צום ראַנד פון הימל

און ציט אים אַריין
אין מיראַזש און אין דרימל.

אַ רעדל טויבן קומען צו פֿליִען —
און באַצירן דעם קופּער פֿון זונפֿאַרגאַנג,
ווי אַ אימאַזש, וואָס באַצירט אַ ליד.

שפּעטער ווערט פֿאַרנאַכט שוין מיד,
ווי די מאַמעס, וואָס וויגן די קינדערלעך
און זיי ווילט זיך ניט אַנטשלאָפֿן ווערן.

ס׳צייטיקן די שטערן,
בלויקייט ווערט נאָענט,
דער אָוונט שפּיליעט צו די לבנה צום הימל
מיט אַ זילבערנעם קלערן
און מיט קלאַנגען פֿון
בעטהאָווענס moonlight sonata
די וואָלקנס שפּילן אַ קאַפּריזנעם געוועט
מיט דער לבנה
און זי שפּילט זיך אין באַהעלטעניש מיט זיי
ביז העט, העט אין דער נאַכט שפּעט.

# FREEWAYS

ס'רוישן ניט מער די פּאַלמען פּאַרקלערטע
אויף מיין גאַס
און פייגל וועלן זיך שוין ניט אומקערן —
די פרימאָרגנס צו דערפרייען.

האַסטיקער טעמפּאָ פון צייט
האָט פאַרביטן דעם ריטעם פון שטילע טריט
פאַר אַ שליסל פון דיסאָנאַנס,
וואָס טרייבט צו גאַסן פון שפּראָצנדיקער ערד,
ווייסע ברייטע שאָסייען —
זיי ליגן זיך אויפן געמיט פרעמד און שווער.

אויף דעם אָרט ווו אַ שורה היימען
געפונען האָבן אַ תיקון —
לויפן אייזערנע בריקן,
זיי פאַרטראָגן צו ווייטע וועגן
דעם פלאַפּל פון פייגל טעט-אַ-טעט,
ס'ווערן ניט נעענטער די ווייטן,
נאָר די נאָענטקייט אַנטלויפט ווייט-ווייט.

איר שלווה איבערגעריסן —
שטייט מיין גאַס אַ פאַרלוירענע
אין איר זיין-ניט-זיין באַשערטקייט,
אין איר אַרויסגעשטויסענער צעשטערטקייט,
און אין רויש פון אויטאָ-ווירוואַר.
ווי קען איך צוזען איר אויסראָטונג,
ווו עס בלייבן נאָר שאָטנס פון עבר.

פֿאַרמעקט זענען די טריט
פֿון מײַנע שפּאַצירן,
ווו כ'האָב אין שטילע שעהען
מײַן געראַנגל און טרויער
צו דעמערונג פֿאַרטרויט.

אָ, גאַס פֿון מײַן יונגן האָפֿן,
וויפֿל צער ס'איז מיר געווען באַשערט
צו זוכן אין וואָרט אַ טרייסט,
נאָך איידער...
ווען איך האָב געקליבן מוט
אַ וואָרט צו שפּינען
און זיך געשראָקן —
ניט צו פֿאַרשעמען מײַנע סטראָפֿן.

דײַנע שטעגן האָבן מײַן קינד געפֿירט אין חדר,
שפּעטער —
מיט מײַן קינדס קינד,
צווישן ביימער
אין באַהעלטערלעך געשפּילט.
פֿון נעסטן אויף דעם אַלעאַנדער־בוים,
וואָס איז ביי מײַן פֿענצטער געבליבן שטיין
האָבן פֿייגל אויף יעדער ליד געצוויטשערט — אָמן.

ס'רוישן ניט מער די ביימער,
ניטאָ מער קיין שטילקייט, קיין שלום,
פֿאַרשוווּנדן —
צוזאַמען מיט די רעשטלעך פֿון מײַן חלום.

# שטיללעבן פון וואַן גאָג

אַ ריטל פון ציפּרעסן פּלאַטערט,
ווי אַ זשעסט
פון וואַן גאָגס טראַגישן געמיט
און ציט זיך אין אַ גרוילעכן גרין
צו די הענטשקעס וואָס ליגן פּאַרטייעט,
ווי אַ רעטעניש אין פּיליגרין,
ווי צוויי הענט אויסגעמאַטערט
פּאַרקלעמען זיי איינס איו צווייטן
אַ פּאַרבאָרגענעם זין.
אין קאָלירן פון ראָז און בראָנדז
זאָגן אוים די פּרוכט צום היימישן קוישל
זייערע סודות פון האַרבסט.

גרין און קרעם שאַטירונגען געשפּאַנט,
און די זעלבע קאָלירן פון טענער,
און כישופדיקע טענער פון קאָלירן
אין דער זעלבער געשפּאַנטקייט.
וואָס איז פּאַרבאָרגן
אין ריטלס בליק פון ווילדקייט,
אין קוישלס מילדקייט
און פון די הענטשקעס דעם סוד
דו דערשפּירסט —
עפּעס פון אַ שד
און עפּעס פון אַ גאָט.

## באַלאַדע פון וויין

וואָס פאַר אַ סוד ליגט אין דיר, טרויב,
וואָס מיט טייוולשער קראַפט
צינדט אָן דיין זאַפט
אַ פייער,
וואָס ברענט מיט זיסן ביטער,
נעמט אַוועק די שווערקייט פון לאַסט
ביי דעם מענטש —
אַפילו נאָר פאַר דעם איצט,
וואָס ווערט דערטרונקען אינעם ציטער —
וואָס פירט אַוועק צו וואַלד און צו לבנה
און זאָגט צו אַ שלומער,
איינגעוויקלט אין בלומען
און עפּעס דערמאָנסטו,
און עפּעס טוט באַנג,
און עס טליִעט מיט זשאַר דיין קראַפט,
וואָס געדויערט אַ מאָל אַ לעבן לאַנג.

וואָס פאַר אַ כישוף
ליגט אין דיין שיכרות,
וואָס זאָגט צו זעט,
ווי קערנער אין זאַנגען?
דער וואָס האָט דיך פאַרזוכט
קען דיך שוין מער ניט אַריבערשפּאַנען.

פאַר דעם טרוים,
וואָס ער האָט אַ לעבן לאַנג געזוכט —
פון וואַנען, פון וואַנען ברענגסטו אים אַהער ?

דיינע שוואַרצע אומהיימלעכע וואָרצלען
אינעם ווינטער —
ווי טיף ריזלען זיי אין ערד,
און דיינע שווערע בונטן פון טרויב —
וואָס אַזוינס
נעמען זיי ביי די טויען,
וואָס זיי רייצן און לאָקן
ווי מאַגישער רייץ פון פרויען ?

אַן אומגעזעענע קראַפט שפּירט זיך
צו פאַרנאַרן —
ווי דער גרעסטער שׂונא
און באַרוישןביים מענטש זיינע געהירן.

אָט איז אַ שענק :
מענער און פרויען
ברענגען אַהער זייער בענקען
און אַלץ וואָס איז זיי טייער,
זיי טרינקען און גיסן פייער אויף פייער,
ווער עס קוקט אין גלעזל
און דערזעט אין שפּיל פון שערי-שוים
שפּורן פון אַן אַלטן טרוים,
וואָס ברענגט אויף פליגל
אי דערמאָנונגען אי רוים.

און איינער,
וואָס יונגערהייט געוואָרן סיוו,
זעט אינעם שאַמפּאַניער,
וואָס איז אפשר אַלט אַ דור,
אַ פאַרגאַנגענע מורא.

און איינער פאַרלירט זיך אינעם קלאַנג,
ווען אַן אוצר פון פאַנטאַסטיק
גייט דערלאַנגען,
דורך דעם וויין
די גליִונג פון אַ זונפאַרגאַנג,
אַ פאַרכישופט געמיט
זוכט אַ מאָל אין וויין פון רויט
די טריט צום טויט.

וואָס איז דיין נאָמען, דיין סוד —
דעמאָניש שפיל פון טרויב?

## אַ פּאָר

אין גאָרטן
האָבן אַפּריקאָסן־ביימער
זיך אין ווייסן צוויט פאַרשלייערט —
ס׳איז פרילינג געווען.

אין שאָטנס פון פרישן גרין
האָט אַפּריל געוועבט אַ צאַרטן וויאָלעט
אַרום אַ שטענגל בעז.

אַ רייצנדיקער אַראָמאַט האָט אויפגעשטראָמט
און פאַרכישופט דעם ווינט,
ער האָט זיך נאָכגעגעבן
און די צווייגלעך געטאָן אַ גלעט ;
בעז האָט שוין אַ לאַנגע וויל
מיט פורפל־בלימעלעך זיין שטענגל פאַרפלייצט.

האָט דער גאָרטן־טייך
אין זונגאָלד געדרעמלט,
ביי זיינע ברעגן
האָט אַ טשאַטע טויבן
זיך אין זיינע וואַסערן געשפּילט,
פּלוצעם האָבן זיי אין דער הויך אַרויפגעפליגלט ;
אויף זייער שפּראַך האָט אַ וואָלקן פון טויבן
צום הימל אויסגעוואָרקעט
די בענקשאַפט פון טייך.

איין טויב איז אויף דער ערד געבליבן —
זי האָט אַ קריש געזוכט אין שטויב

זיך געקליבן, געקליבן,
מיט —אומרויִקייט,
אויף אַ פּאַלמע אַרויפֿגעקלעטערט
צו אַ צווייטער טויב,
וועלכע איז אין איר נעסט געזעסן
און אייעלעך אויסגעבריט.

אַ שפּירונג פון דערוואַרטונג און נע־ונד
האָט ביי ביידע טויבן
אין אַ קוש געטאָן אַ פלאַטער
און אפשר האָט אַ קריש
דורכגעשוועבט פון מויל צו מויל —
ביי אַ פּאָר פון גאָט.
די טויב, וואָס איז געקומען,
האָט זיך אין איר באַשערטער
אַזוי ליבלעך געשפּיגלט,
זיך אַוועקגעזעצט אויף נעסט,
און די וואָס איז ביז איצט געזעסן,
האָט זיך אָפּגעשיידט
און אַוועקגעפליגלט.

ניט קיין נאָמען
און ניט קיין אַדרעסירטע ערטער
איז דער טויב באַשערט,

נאָר פֿליגל אַ פּאָר
געווענדט צו דער גאַנצער ערד,
דאָך פֿאַרגעסט זי ניט,
כאָטש זי קומט פֿון העט, העט,
צוריקצוקומען צו איר באַשערטער.

# אַלט און ניי

— וואָס שעפּטשעט דער רעגן צו דער ערד?
ער גייט אין אירע וועגן,
הערט זיך איין אין איר שטילן דרימל,
גיט איר צו פאַרזוכן
די זעט פון זיין לשון,
ער שעפּטשעט איר די סודות
און שליחות פונעם הימל,
מיט רעטעניש פון פרילינג
וועקט ער אויף איר ווילן,
מיט געשפּאַנטע קלאַנגען
שליסט ער אויף אירע קאָלירן,
ער פלאַפּלט איר זיין ליבשאַפט
ביז ער באַפליגלט איר שפּירן.

זי — די ערד —
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף,
מיט קול דממה דקה
זאָגט זי אים צו אַ פרילינג —
אָנגעטאָן אין אַלט-נייעם קלייד,
מיט שמעקעדיקע עפּל
פון חוהס צייטן אין גן־עדן,
ווייכע סאַמעטענע גראָזן
פאַר אייניקלעך און זיידעס
צו קוליען זיך און שטיפן,

ביימער, וואָס טראָגן קאַרשנצוויט
פֿאַר אַ קרוין,
און קאַרשן,
וואָס רופֿן פֿייגל בגילופֿין
צוריק פֿון ווייטע ווייטן,
וואָס קומען צו פֿליִען זינגען נייע לידער,
געשפּאַנטע אין אַלטע, אַלטע צייטן,
קווייטן, וואָס פֿאַרשיכורן די בינען,
וואָס זייגן אױס דעם זאַפֿט
דעם האָניק צו דינען,
פֿעלדער מיט זאַנגען,
וואָס שעפּטשען זיך מיט ווינטן
און גיסן אָן זייערע קערנער מיט ברויט
און גיבן יעדן איינעם
זיין חלק עולם־הזה,
זאַפֿטיקע קרויטן,
וואָס פֿאַרדעקן מיט אַ סך קליידעלעך
דעם תּוך פֿון זעט —
און נאָך אַזוינע גרינצייגן פֿון כּל המינים
אָן אַ שיעור —
פֿאַר דעם פֿאַרקלערטן —
אָנצוצייכענען אַ שיר.

# אין אַ שפּיטאָל

די כריזאַנטעמען,
פאַרקלערט אין צאַרטן ווייס,
קוקן מיט האָפענונג
אַרויף צו די קראַנקע,
איינזאַם און פאַרלוירן.
זייערע טעג פאַרגייען אין געשפּין
פון לייד און מורא.

די ווענט זענען קאַלט און ווייס,
פאַרזאָרגטע —
הערן זיי זיך צו
צו די קרעכצן
און צום לעכצן:
צי וועט נאָך זיין אַ מאָרגן?

די קראַנקן־שוועסטער,
אָנגעטאָן אין ווייס,
שוועבן אַרום ביי טאָג און ביי נאַכט
קאַלט און זויבער און שטרענג.
אונטערן יאָך פון שווערער מי
חלומען זיי פון רו;
ס׳פאַרגייען זייערע שעהען
באַזאָרגט און באַזאַכט.

אין כאַלאַטן ווייס
ליגן די קראַנקע

אויסגעצויגן אין די בעטן,
זוכן היילונג
און בענקען, בענקען.

די דאָקטוירים
אין ווייסע רעק
לויפן אַריין אין איילעניש —
צוגעווינט
צו אַלערליי ווונדן —
קימערן זיי זיך ווייניק.
די צייט טרייבט,
זיי טוען עפּעס אַ פאַרשרייב —
און פאַרשווונדן.

# אַן אַלט בילד

אויף לשון פון געדענקשאַפט
רעדט צו דיר אַן אַלט בילד
און רירט אָן אין פאַרגעסנקייט
אַ בענקשאַפט.

טו אַ דערמאָן אין דיין געמיט
אַ בינטל יאָרן,
לאַנג פאַרגאַנגען.
לויפן דורך אין זכרון
געשטאַלטן, פאַרוואַנדלט אין שפּורן,
אַ שווערער צער, אַ ברעקל גליק —
ווי ס'וואָלט אַ קנויל
זיך אויסגעוויקלט
פּלוצלונג אויף צוריק.

ס'וואַכט אויף אין דיין געדאַנק
און גייט פאַרביי דיין בליק —
אַלץ, וואָס איז פאַרלאָפן
און אַלץ, וואָס איז געבליבן —
קען קיין וואָרט אַזוי ניט זאָגן,
ווי עס זאָגט אַן אַלט בילד.

## פיר ביי אַ גלעזל ווײַן

ביים טיש אין אַ קאַבאַרעט,
אין שפּעטלעכן אָוונט,
האָט דער ווײַן אין מענטש אַ טרייסט געוועקט
אי ווײַט אי נאָענט.

אין דעליר
האָבן רייד פון פאַרטרויען
זיך געמישט מיט אָוונט בלויען
און זיך דערגליט צו טרויער.
ס'האָט דער ווײַן אין אויגן געפלעמלט
ס'איז פון איינעם צום צווייטן
אַ וואָרט געפאַלן
פון דעמאָלט און דעמאָלט...

נאָקטורן פון שאָפּען
האָט דאָס געהער געגלעט
און זיך געפלאָכטן אין רויך פון סיגאַרעט.
אין די געדאַנקען האָבן געשטאַלטן
ווי שאָטנס גאַלאָפּירט;
ס'האָבן די טעג פאַרגאַנגענע
ווי זון דורך כמאַרעס געגליט —
און אַלץ האָט זיך
אויפן דנאָ פון גלאָז באַהאַלטן.

ס'וועלן קומען און פאַרגיין טעג,
ווי עס קומט און גייט אַוועק אַ בענקעניש.
ס'וועט יענער אָוונט
ווערן שטראַליקע געדענקעניש.

## זאַנגען צום שייער

מיט פאַרבענקטע ווענט
און אָפענעם טויער
האָט געוואַרט אַ לאַנגע צייט
דער שייער.
האָבן זיך וואָלקנס געקליבן, געקליבן —
ביז ס'איז אַ רעגן געגאַנגען —
צו ברענגען צו ערד אַ שטיקל הימל,
צו וועקן דעם שפּראָץ פון זאַנגען.

צוקאָפּנס די זון —
פון בראשית אָן —
וואַרעמט אוים די זאַנגען
פאַרן תמיד ברויט צו דערלאַנגען.
האָבן די שניטער געשניטן
מיט אַ גאָלדענעם ליד אין מיטן,
האָבן זיך זאַנגען
אין סנאָפּעס געבונדן —
ביז זיי זענען אויפגעגאַנגען אין סטויגן.
אויף די וועגן
דעם הונגער אַנטקעגן
פאַרן פירן די סטויגן
געראָטענע שפע,
שפע נייע
פירט מען אַוועק צום שייער.

# קלאַנגען

וואָס איז קלאַנג? —
זענען עס די סטרונעס,
וואָס האַלטן אין זיך אַ כישוף,
צי זענען עס די פינגער,
וואָס זענען געשיקט
צו וועקן אין דינעם האַלץ
אַזאַ וואַרעמען ווען,
ווי דער קלאַנג דער מיסטעריעזער?
ווער איז ער —
וואָס נעמט אַרום מיט בענקשאַפט,
וואָס רופט אַרויס אַ טרער?
מיט וואָס איז ער אַזוי געבענטשט
דער קלאַנג,
וואָס טוט דאָס מענטשלעך האַרץ אַ דערפריי?

איז עס פרייד,
צי איז עס טרויער, וואָס דער מענטש דערשפירט?
אָפט מאָל טוט דער פידל
אַ פלירט מיטן געהער פון אויער.
צי וועסטו אויפגעריכט?
צי וועסטו פאַרקלעמט? —
עס איז אַ סוד פאַר דיר, פאַר מיר.

## צו דער האַרף

לכבוד דעם קאָנקורס פון האַרפע אין ירושלים

ווי אַ פּיראַמיד
שטייסטו געשפּאַנט אין מיסטישקייט פון אָריענט,
אָנגעלאָדן מיט זיסן זאַפט פון פייגנבוים.
דיינע צאַרטע צעציטערטע קלאַנגען
פאַרכישופן,
ווי דער צויבער
פון אַ ניט-דערגרייכטן טרוים.

אין דעם פליסטער, וואָס וויברירט
אין דיינע ניואַנסן,
ביסטו דער פאַרחלומסטער
אין דער משפחה פון כלי זמר.
עפּעס כליפּעט
אין דיינע שטאָלצע גלידער
און ווי ס׳טוט ווייַ אַן אָפּגענאַרטער גלויבן —
אַזוי טוט ווייַ די בענקשאַפט,
וואָס דו וועקסט,
ווען דיינע טענער
זענען ווי דאָס וואָרקען פון טויבן.

עפּעס ניט דערזאָגט
און עפּעס באַפליגלט
איז אין דיין מינאָר,

אפשר איז עס דער באַריר
פון אַ יידישן מלך,
וואָס הייליקט אין דיר פאַרזיגלט.

דער רייץ,
וואָס דו וועקסט אין מיין אָפּקלאַנג,
קען איך ניט אין גאַנצן אַנטפּלעקן,
וויגט זיך אין דרימל מיין וואָרט,
וויגט זיך אין כישוף
פון דיין פאַרחלומטן אַקאָרד.

## וואַלסן פון שאָפּען

עקזאַלטירטער דינער באַריר
לויכט אויף באַפליגלטע פינגער,
פאַרפלאָכטן אין פידל־וויבריר.
וויגן זיך קלאַנגען
ווי זאַנגען אין פעלד,
גיסן זיך טענער,
טוען אַ פאַרשיכור
און וועקן אַ טיפן שווייגן
אין פאַרבענקטע וואַלסן פון שאָפּען.

ווי באַרוישטע בינען —
ברויזן טשעלאָם מאַגנעטיש —
פלינק און פאַרשאַרפט און קאָקעטיש.

פאַרכישופטע פלייטן
פאַרגייען זיך
אין פאַרחלומטן מינאָר;
ריטמישע טענער פאַרשלינגען
אַ שטראָם פון ניואַנסן.
זיי דרינגען,
אַז וואַלסן פון שאָפּען
זענען מער ווי וואַלסן...

אַנטראַקט.

אומגעזעענע אַקאָרדן
זענען פֿאַרבליבן אויף ליידיקע בענקלעך,
ס'האָט יעדער אַ פּלאַטער פֿון דינע קלאַנגען
אַוועקגעטראָגן אין זיין געמיט און אויער
אין אַ פֿאַרקלערטן בענקען,
ס'האָבן יעדן געלאָקט
קלאַנגען פֿון וואַלס
אין שאָטנס פֿון דינעם טרויער.

די צאַפּלענדיקע האַרציקע טשעלאָס
זענען זיך איינס דאָס צווייטע,
ווי ברידער,
געפֿאַלן אויפֿן האַלדז
און זיך פֿאַרגאַנגען
אין אַ פּלאַטער פֿון צעשיידונג.

פֿידלען האָבן איינגעדרימלט,
אויף סטרונעס האָט געגליט
פֿינגער־באַריר אין פֿלאַטערדיקן ברען,
פֿון יעדן סטאַקאַטאָ־קלאַנג
איז אויף זיי פֿאַרבליבן
אַ ניטדערזאָגטער שעפּטש
פֿון שאָפּען.

פליטן ווי שלאַנקע סילועטן
האָבן צווישן זיך געשפּינט
ניט דערשפּילטע ניואַנסן,
אַז וואַלסן פון שאָפּען —
זענען מער געווען ווי וואַלסן...

## פּאַסטאָראַל פון בעטהאָווען

עס שאַרט זיך געפּילפּול און שטיל
דורך געדיכטן וואַלד
אַן אימפּאָזאַנטע געשטאַלט,
אין לייכטן עקסטאַז
שטעלט זיך אָפּ בעטהאָווען
לעבן אַן אַלטן ליפּעבוים —
אַ באַרוישטן און צעהילטן אין זיינע צווייטן —
זיי דערקענען איינער דעם צווייטן.

אַ וועלט פון טענער טוען זיך אַ מיש
אין געשפּאַנטן געמיט פון בעטהאָווען,
און דער וואַלד איז פרילינגדיק פריש.
שפּאַנט ער ווייטער אין פרימאָרגנדיקער זון,
קומט ער צו אַ בוים,
וואָס האָט פון ראָזע בליטן
אויסגעפלאָכטן זיך אַ פּאַראַסאָל,
פאַרשמעקט אַזוי כישופדיק דער וואַלד,
אין בעטהאָווענס מחשבה
צעגליט אַזוי פריידיק די פּאַסטאָראַל.
קומען זינגענדיקע סטעזשקעס אים אַנטקעגן,
די גראָזן צערטלען זיינע טריט מיט טויזנט טעם׳ען,
אויף זייער תמימותדיקן לשון
וואָרקען אוים די טויבן
אַ שפּיל פון צווייג און זון און שאָטן
געפלאָכטן אין גראַמען.

פלאַטערן די פינגער ביי בעטהאָווען —
סטאַקאַטאָ־קלאַנגען באַטאָנען
אייביקן אומקער פון סעזאָנען.
זינגט און לאַכט דער פרימאָרגן,
ס׳גלעט אַ לייכטער ווינטל בעטהאָווענס פנים.

מיט קאָקעטישן הומאָר,
פאָרט אין אַ בריטשקע אַ שעלמישע פּאָר
מיט צעהילטן קוראַזש —
ער רוימט איר שטיל אין אויער אַ סוד
אַז עמעץ שפּיגלט זיך אין זיי,
זיי שעפּטשען זיך, זיי לאַכן.
פון שליאַך קומען זיי אַנטקעגן
וואַלדיקע פּייזאַזשן —
אויפגעלייגט און געשפּאַנט —
זיי פרעגן זיך נאָך אויף פּאָעטישע אימאַזשן.

ס׳רופן מיט שאַרפן אַראָמאַט
די נאָדלביימער־צווייגן,
שטיפערישע קלאַנגען פאַלן און שטייגן.
אין דער מחשבה פון בעטהאָווען
שפּינט זיך די פּאַסטאָראַל.

## דער בלינדער פון פּיקאַסאָ

### פּאָרטרעט

ווי אַ ריז, וואָס רייסט זיך פון אַ קייט,
אַזוי רייסט זיך דער בלינדער,
פון פינצטערניש באַגלייט,
צו דערזען די וועלט.

דער קאָפּ, פאַרריסן צו די הויכן
און צו קאָנפליקט פון טיפן בראָך,
ברענט אין רעבעלישקייט
אויסצושרייען
די משׂא פון דער נאַכט,
וואָס ער טראָגט ווי אַ שטיין,
און די פרעמדקייט צו זיך אַליין.

אין ריטעם פון באַלאַנס —
דער אָפענער מויל
אָטעמט שוואַרצע לופט,
זוכט אַ וועג צו דערזען
דורך ליפּן גרויל.

דער אויסגעשטרעקטער נאָז,
ווילד און גראָטעסק,
רייסט זיך איבערשטייגן
טראַגישן גורל
מיט אַ פאַרשאָלטענעם פאַרוואָס.

די אויגן — צוויי נעגאַטיוון —
מיסטעריעז
פאַרוויקלט אין אייביקער נאַכט
און אין שוואַרצער ליידיקייט.

צו שפּירן די ווונדן
אונטער דער הויט פון אַ בלינדן,
וואָס לעבט אַ פאַרלוירענער
אין טיפן טרויער
און איבערזעצן אין שאָטנס —
וויפל וואַרעמקייט און רחמנות
דאַרף איינער פאַרמאָגן?

## בית לייוויק

עס איז מיר געקומען צו חלום
אַ סטעפּ מיט שניי,
ניט קיין מענטש און ניט קיין געצעלט —
נאָר אַ ווייסע ווייטע וועלט.

פון שנייבאַרג צו שנייבאַרג
שפּורן פון טריט,
געשטרויכלט און געבענטשט —
צו זיין פאַרחלומט אין געוויסן,
פאַרכישופט און פאַרגלייבט
אין יושר פון מענטש צו מענטש,
אין יסורים און אין ליידן
פאַר די ליידן פון אַ צווייטן
מיט פאַרעקשנטן נצחון
טריט פון לייוויק.
שווער איז דער וועג
און ווייט איז דער ברעג,
נאָר „ער הייבט זיך אויף ווידער
און שפּאַנט אַוועק ווייטער".

ליכטיק און עקזאַלטירט
האָסטו זיך צו מיין חלום אַנטפּלעקט
און תיכף פאַרשווונדן.

אויפן רוף פון ממעמקים
דו ענטפערסט מיט געזאַנג,
כאָטש קיינער הערט.

נאָר ניט צו זיין פֿאַרשטאַנען
און ניט צו זיין דערהערט
איז דיר אַלע מאָל געווען באַשערט.

ס'האָט גענומען טונקלען מיט אָוונט,
שטערן זיינען אויפֿגעגאַנגען,
און דער, וואָס האָט געדאַרפֿט זיין
דער שׂר פֿון דיין שטערן,
איז דיר נאָכגעגאַנגען.

עס האָט עפּעס אַ שוועב געטאָן אין חלל,
דער מלאך,
וואָס האָט זיך אין דיין וואָרט געשפּיגלט,
גענענטערט צו דיין גבול...

די שטערן און דער מלאך
האָבן זיך צוזאַמענגעשוויגן
מיט דיינע לידער,
מיט זייער יחוס פֿון זיין אייביק,
און דיר אַנטפּלעקט אַ שליחות,
אַז דיין פֿאָלק,
מיט פֿאָרכט צו דיין נאָמען,
מיט שעצונג צו דיין וואָרט,
נעמט זיך אונטער
צו בויען אַ מקום מנוחה
פֿאַר דער חשיבות פֿון דיין יצירה,
דאָרט,

ווי מיט בלוט און מיט טרוים
האָט דיין פאָלק אַ מלוכה אויסגעחלומט.

אַלע דיינע ווערטער
וועלן איינגעזאַמלט ווערן
פון אַלע צעוואָרפענע ערטער.
די מחשבות פון דיין שירה
וועלן ווערן דער בראשית
צו אַ נייער סדרה לייוויק,
וואָס וועט זיין געדאַוונט לדור דורות.
ביז אויף דער בריק,
ווי עס קומען נייע דיכטער
צו פאַרבייטן איינער דעם צווייטן,
וועלן מלאכים אויף שטראַלנדיקן לייטער
אַראָפּשיקן אַ נייעם לייוויק צוריק...

## אברהם סוצקעווער

**צו זיין 50־יאָריקן יובל**

ס'איז דיר געווען באַשערט
אַריינפלאַטערן אין דיין יצירה
דעם גרויליקן פּחד —
צו זיין מענטש, צו זיין ייד,
צו קוקן אין פּנים
פון האַק, פון קויל, פון פייער,
צו פאַרלירן אַלץ, וואָס דיר איז טייער,
דורך געצווונגענעם טויט,
וואָס האָט אונדזער ווונדערלעך פאָלק פאַרשניטן.

אין דער צייט פון גרויסן צאָרן,
וואָס דו האָסט געטראָגן אויף דיינע פּלייצעס,
האָסטו געזונגען ניט סתם צוליב לידער,
נאָר אַרויסיאָמערן די קאַטאַסטראָפע
פון אַלע אונדזערע ברידער,
אַז אויף אייביק זאָל ווערן פאַרקריצט
די ליידן פון בלוטיקן פאַרגאַנגענעם איצט.

אָט זע איך דיין קוראַזש אין געיעג
צו ראַטעווען דיין פאַרמעג,
וואָס טיפט אין דיין געביין.
איך זע דיך א פלינקן אין געראַנגל
פון איין געפאַר צו צווייטער.
און ווּהין דו ביסט געלאָפן,
איז דיר דער מלאך פון שירה נאָכגעלאָפן.

און דו האָסט צונויפגעפּאָרט זילבן־קלאַנג
מיט שווערער לאַסט פון גרויזאַמעליידן.
ס'האָט דיין גורל געבעטן אויף אַ נס,
צוליב המשך פון יידישקייט,
אין זכות פון דיין יחידישקייט.
אי שטראַליק, אי מוראדיק
האָבן אין דיין וואָרט אָפּגעקלונגען
די חלומות פון אַלע פאַרשניטענע,
וואָס דער טויט האָט פאַרשלונגען.

ס'גייען מיר נאָך שוין יאָרן
דיינע שורות,
וואָס ציטערן ווי קוועקזילבער
אין מיין זכרון.
ס'וועט ניט פאַרגעסן קיינער
די שורות,
וואָס קריצן זיך איין אין געמיט פון לייענער,
וועגן לערערין מירע.

זאָל זיין געבענטשט
דיין וועג אויף דער ערד —
די הייליקע ערד,
וואָס מיט בענקשאַפט און טרער און געטריישאַפט
איז איר לייב געווען גענערט,
די ערד,
וואָס האָט אַ נייעם חלום
און נייע קראַפט
דיר אין אַ נייעם בראשית באַשערט.

## צו ה. רויזנבלאַט מיט ליבשאַפט

צו זיין זיבעציקסטן געבוירן־טאָג

פאַראַנען אַפגעשפּאָרטע גיטער,
וואָס ניט דער מענטש,
ניט דער שטאָך פון שאַרפן שווערד
וועט זיי ניט פאַרהיטן.
פאַראַנען אוצרות געבענטשטע,
וואָס קיינער דאַרף ניט היטן —
זיי בליִען אויף מיט נס פון זען
אין מענטשלעכע געמיטער.

דער דיכטער איז איינער,
וועמעס אוצר עס איז באַשערט
זיך אַוועקצושענקען.
ער זעט, וואָס זעט ניט קיינער,
און אויב ס'איז באַשערט וועמען
נאָך פליגל צו בענקען
קומט און נעמט.

די דינקייטן פון זיין געמיט
שענקט ער אַוועק —
אַ מאָל צו אַ שטורעם,
וואָס בײַם וואַסערברעג
און אַ מאָל צו קנאָספּ,
וואָס אַנטפּלעקט דעם צווייט.

זיין שׂכר —
„אַ מידע ווערבע אין שווייגעניש געבויגן
באַגעגנט מיט אירע ווייסע צווייגן
זיינע פאַרחלומטע אויגן“.

און כאָטש עס איז „זיין לעבן
אָפּט מאָל אַ טיפער ים
פון אומרו און יסורים“,
נאָר שטראַליק איז דאָס געוועב
פון זיין געבענטשטן שׂכר —
אַליין צו שפּילן מיט זיך אין געוועט,
וואָס כישופדיק פאַרפלעכט דעם פאָרגעזאַנג
אין זיין געזאַנג,
ווען ער דערזעט,
וואָס ס׳זעט ניט קיינער.

# אין אָנדענק פון לייוויק

ווי אין אַ וואַלד,
וווּ עס שטייען די ביימער
אין לבנה־זילבער פאַרצויבערט
און אין טיפער שוץ
פון וואַלדיקייט פאַרגלויבט —
אַזוי שטיי איך אַ פאַרכישופטע,
אַרומגענומען מיט דער שפע און לויטערקייט
פון זיינע אויסגעליטענע
און געלייטערטע לידער,
וואָס הייבן זיך מיט שליחות און גלויבן.
פון דויער ביז דויער
מיט עקשנות און אמונה,
האָט זיין לייכטטורעם —
זיין חלום — געקלעטערט
אויף שטאַפּלען פון ליד און געווייסן.

צווישן שאָטנס האָט ער געשפּאַנט
אַ דורכזיכטיקער, אַ ליכטיקער
און ווו אַ פעלד און וווּ אַ שליאַך —
האָבן אים מיט ליבשאַפט
געהאָלפן בענקען
נאָך זיין חלום —
אַז ער זאָל מקוים ווערן.
מיט פאַרקלעמונג און געדולד
האָט ער געטראָגן די פינצטערניש פון זיין פאָלק

און די יסורים פון טראַגישן אמת;
זיין פאָלק
מיט צאַפּל און געטריישאַפט
האָבן אים ליב געהאַט,
אַפילו —
ווען זיי האָבן ניט אין גאַנצן פאַרשטאַנען
זיין פאַרטיפטן רמז.

אָט איז ער אַ בלאַט צווישן בלעטער,
ער פלאַטערט אין איינעם מיט זיי, מיט די
שטילע,
ער שענקט זיי דעם סוד פון זיין ריטעם,
צווישן שאָטן זיין לויטערקייט קלעטערט,
זיין ניגון צווישן עפּל אין מיטן
שפּרייט זיך אויף פאַרמעט און תפילה;
ער בעט זיך ביים נביא
מיט וויי און געזאַנג —
ער זאָל ניט פאַרלעשן זיין חלום
און ער שענקט אים אַ מתנה —
זיין גלויבן,
אַז אַ לעמפּערט
וועט נאָך לעבן מיט אַ ציגעלע בשלום.

אין דין־דינער שטילקייט,
אין חצות פון דער נאַכט,
ווען קיינער ניט זעט
און קיינער ניט הערט —

נעם איך אויף דעם אמת,
אַז דו ביסט ניט מער אויף דער ערד.
קוק איך זיך איין
אין דער פֿאַרשלייערטער לבנה
און פרעג בלחש
דורך איר ביי דיר —
האָט זיך דערלייזונג צו דיר אַנטפּלעקט
פון דעם לאַנד דעם באַטראָטענעם
ביז דעם לאַנד דעם פֿאַרבאָטענעם —
געפינסטו באמת
אין די הימלען אַ טרייסט?

## דער דיכטער

ס׳טרעפט אַ מאָל,
ווען ער גייט זיך איינזאַם אַרוים
דאָרט ווו ליכט און שאָטן בלאָנדזשען
אויף די וועגן —
און ס׳קומט אים אַנטקעגן
אַ פאַרסודעטער
דער פאַרנאַכט מיט שטילקייט,
און אַ סטאַיע פייגל
אין אַ וואָלקן־פאַרהילטקייט
לאָזן זיך אַרונטער ביים טייך
צו דעם איינגעבויגענעם טשערעט ;
אַלץ אַרום ווערט פאַרכישופט ווי אין אַ דרימל,
ווען קיינער הערט און קיינער זעט,
טריבע שאָטנס נעמען זיך אַרום אים קלייבן — — —
פון ליד צו ליד —
ווער טרייבט עס מיר ?
פרעגט ער זיך —
וועט ביים פרעגן לאַנג פאַרבלייבן.

קען זיין דערפאַר וואָס צום דיכטער
ציט נענטער דער הימל אַ צעהילטער,
אין דער אַטמאָספער פון אומגעזעענע וועלטן
אין שעהען פון רו און שטילקייט,
צעקוועלן זיך געזאַנגען
אין דער נשמה מיט צעשפילטקייט
און עפּעס אין אים דערזעט אַזוינס,
וואָס פאַרטרויערט און דערפרייט ;

ווי קומט ער צו הערן
צום געבעט פון אַלע מינים קווייטן,
אַפּצושפּיגלען זייער געשטאַלט ?

ער קען ניט פאַר זיך אַליין די שיינקייט האַלטן —
ווען די פּרימאָרגנדיקע זון
טוט מיט איר ערשטן קוש אַ צעעפן
דעם פּורפּורדיקן פלאַמענשפּיל
און טרעפט אין סאַמע האַרץ
פון פאַרהילטן קנאָספּ,
וואָס האַלט זיך פאַרוויקלט און פאַרמאַכט
פאַר דעם זומערדיקן פאַרנאַכט.

ווי קען ער זיין אַנטציקונג פאַרשווייגן,
ווען ער דערזעט אין פרילינגדיקן גאָרטן
דעם מאַנדלבוים אין ווייסע צווייגן,
ווען ער שטייט אַ דערפרייטער,
פון בליִונג צעציטערט,
פאַמעלעך זיינע טריט —
ער זעט אַ וואַסער פאַלט פון באַרג אַראָפּ,
עס זיפּן זיך וואַסער-שלייערן
און עס שיילט זיך אַ דינער שפּריי,
ווערט פאַרוועבט אין זיין געמיט אַ ליד —
שטייט ער פאַרציטערט פון פרייד,
וואָס ער וועט אויסשפּינען אַ בריק
צווישן וואַסערפאַל און מאַנדלבוים און קווייט

און אפשר מיט אַ מענטש —
זאָל ער זיין געבענטשט
דורך דעם פּאָעטס לשון —
צו דערזען וואָס ער זעט
און זיך דערפרייען.

# פון לאַמטערן צו אילוזיע

ווען די נאַכט איז בלוי
שטערן פול דער הימל —
און ס׳פאַרשמעקט פון פעלד מיט זאַנגען־זעט
פון היימיש אוקראַיִנישן שטעטל —
דאַן וועקט זיך אויף אין מיין געדענקען
מיין פאַרטראַכטער טאַטע ביים שטילן ספר
און די לאַמטערנדלעך,
וואָס ער האָט געשענקט מיינע ברידערלעך —
צו גיין ביינאַכט פון חדר;
(אויך די פאַרבן און די פענצטערלעך
זיינען געבליבן ביי די חדר־יינגלעך
אין זכרון).

האָט זיך די תורה מיט פאַרבן געקניפּט
און אין זייער געמיט
האָבן זיך פליגל געפּיקט:
פאַנטאַסטיק, התמדה און ווילן.
האָבן זיי שטילע ווי טויבן
פאַרבונדן אין זעקל די תפילין,
אין האַרצן דעם קוואַל פון יידישן גלויבן,
דעם טאַטנס ירושה —
דעם האָניק פון וויסן,
דעם חלום, וואָס האָט געלאָקט פאַרן שפּעטער,
ביים פאַרלאָזן די שטעטלשע היימען פון ברעטער —
צו געפינען צו וועלטלעכקייט אַ טויער,
צו ישיבות,
צו חכמה פון זוהר,

צו רייכע הייף
ווי מען האָט „געגעסן טעג
און געשלונגען טרערן".
האַרט איז געווען די באַנק
אין בית מדרש,
ס'האָט געמאַטערט דער דרימל
און ס'האָט געצויגן צו טיפקייט פון הימל.

די אילוזיעס אָפּגעשפּאָרטע אין זכרון
פון ווילנע און וואַרשע און אוקראַינע,
ביי די חדר־יינגלעך שפּעטער מיט יאָרן
האָבן זיך אויפגעוועקט צו קוואַל
פון יצירה.

ס'איז ניט געווען גרינג
צו זיין אַ לייוויק,
צו זיין פאַרמשפּט,
צו זוכן גערעכטיקייט און אמת
צווישן ברידער און ברידער
און די לויטערקייט פון זיין אמת
אויסצולייזן אין זיינע לידער.
פינקלדיק האָט געשיינט די קרוין
אויפן קאָפּ פון איציק מאַנגער —
צו זיין דער פאָלקס־טרובאַדור
פאַר דעם צער פון פאַרזעסענע מיידלעך,
פאַר זייער אומעט;
פאַר די קאָזעס, וואָס האָבן געמעקעט אויף יידיש,
האָט ער אויסגעצויבערט אַ תיקון,

מיט טיף־פֿאַרשניצטע
און יחידישע געזאַנגען,
וואָס ברענגען נחמה פֿאַרן איצט
און וועלן דעם תמיד דערלאַנגען.
מיט רעקוויזיט פֿון וואַרעמקייט
אין זיין אילוזיע, וואָס איז געוואַקסן,

האָט שאַגאַל אַ גאַמע פֿון קאָלירן
אויף די אַקסלען געטראָגן —
צו מאָלן זיינע יידן
אין קאָלירלאָזע שטעטלעך,
דאָרט ווו ס׳איז געשטאַנען זיין וויגל.
מיט התלהבות און פֿליגל
פֿאַרשוויגן מער,
ווי עס דערציילן זיינע געמעלן —
די רעטעניש —
בלאַסע פּנימער מיט שרעק,
וואָס פֿליִען איבער דאַך אוועק.

ערשט אין פּאַריז
האָט ער זיך אין וויטעבסק פֿאַרליבט,
דער זכר פֿון זיס־טרויעריקע ניגונים
וואָס האָבן געשפּילט אויף חתונות
יידישע כלי־זמרים.

זאָל די ירושה פֿון אונדזערע גאונים
דויערן
און זיך איבעררופֿן
פֿון דור צו דור,
פֿון דור צו דור.

## שלשה שאכלו...

כאָטש מיט טרוקן ברויט
איז מיין טיש געגרייט,
נאָר לעכצן לעכצט ער
פאַרבאָרגענערהייט,
אַז קלינגען
זאָלן אַרום אים די רייד
פון אַ בלאַט גמרא,
ווי עס זאָגט ערגעץ דער תנא --
שלשה שאכלו...

דאַן וואָלט אַפילו
אַ טרוקענער קריש
ווערן דערפרישט,
און מלא פרייד
וועט זיין מיין טיש,
אַז ניט נאָר שלשה שאכלו,
נאָר באַשטאַנען וואָלט ער
אַפילו נאָר בשניים,
דורך דברי תורה —
פון דעם וואָס וועט בייזיין,
צו פאַרוואַנדלען
אַ פשוט גלעזל מים
צום טעם פון יין.

## דער בוים אונטער מיין פענצטער

איצט, ווען אין מיינע האָר
פאַרציט זיך שוין אַ ווייסער פוך,
אַזוי ווי אין דיינע ערשטע בליטן,
מיין יונגער אַפריקאָסן־בוים —
דערמאָן איך זיך אָפט דעם שפּרוך,
וואָס איך פלעג צו דיר פאַרטרויען,
ווען דו האָסט מיט דיינע צווייגן,
איינגעהילט אין פרימאָרגנדיקע טויען,
אָנגערירט מיין פענצטער;
ס׳איז ווייניקער געוואָרן אַרום מיר
מיין אַליינקייט,
נאָך דער צעהעלטקייט אין דיין צוויט,
וואָס דו האָסט אַרום מיין שטיבל
געטאָן אַ צעוואַרף
בין איך נאָך ביז היינט פאַרבענקט.

איין מאָל אין אַ זומערטאָג
האָט דיין פרוכט צו מיר געטאָן אַ שמייכל,
דיין ערשטער אַפּריקאָס
האָט אין זון זיך געמיניעט פון גאָלד אויף ראָז,
איך האָב זיך דערפרייט
און טויעקלעך פריש דערשפּירט אין מיין געמיט,
גאָט געבעטן שטילערהייט,
אַז אין דער זכיה צו זיין אַן עדות פון דיין געבערן,
זאָל מיר באַוויליקט ווערן
אַזאַ אויפגעלויכטענער חלום אין מיינם אַ ליד.

## פּאָרטרעט פון מ. זאַלאַטאַרעוו

ווען איך האָב דיך
ס'ערשטע מאָל דערזען,
ביסטו אין אַ שטיל לעבן
געווען פאַרוועבט.

אַן אויסטערליש ווען:
גרינע שופּן אויף אַ שנור,
שמאָל און לאַנג —
אַ פלאַנץ ווי אַ שלאַנג —
האָסטו זיך פאַרפלאָכטן
פאַנטאַסטיש,
אַרום האַלדז פון אַ פרוי
מיט צוזאָג
אי אָפן אי פאַרבאָרגן —
ביז זי איז געוואָרן דיין קרבן.

איך האָב אין דיר אַן ענלעכקייט דערשפּירט
צו יענער שלאַנג,
וואָס האָט די ערשטע פרוי פאַרפירט
צום עץ הדעת.
די שלאַנג איז כיטרע,
דער גן-עדן איז גרין און קיל,
און די עפּל ווינקען
מיט וועלט און שׂכל-שפּיל.

און חוה איז אין כישופדיקן צוזאָג פֿאַרשפּינט —
טוט זי אַן עפּל אַ פֿאַרזוך
און אין זיין טעם
אַזאַ גליקזעליקייט געפֿינט זי,
אַז די וועלט איז פֿאַר איר געוואָרן
מלא טעם.

מיט תיקון האָט אַלץ געלויכטן —
טוויִק־פריש
און טערפּקע זיס
האָט געפּלייצט דאָס נייע גליק,
אָבער פֿון דעם נייעם רייץ
האָט שוין חוה ניט געקענט
זיך אומקערן צוריק.

# דאָרף רופט

ס'שמייכלט דער שליאַך
מיט אַ צוזאָג צום טראָט,
ס'לאָקט מיר די ווייט, וואָס איז ערגעץ פאַרוואָרפן,
מיט געזאַנג און מיט בענקשאַפט
ס'רופט מיך דאָס דאָרף.

ס'רופן מיך פעלדער, וואָס שמעקן מיט ברויט,
ברייטקייט פון טייך,
וואָס וויגט זיך אין ברעגן,
דער שאָרך פון טשערעט,
פאַרדרימלטע רגעס,
וואָס דערזעען די ערשטע דעם מאָרגנרויט.

דער וואַלד איז מיר גערן
מיט זיין רויש, מיט זיין סוד,
די שטעגעלעך וואָס היטן —
אַלץ, וואָס זיי זעען און הערן,
און זענען געטריי צו די טריט.

דער קילער אַראָמאַט פון נאָדלבוים,
וואָס באַרוישט ווי די כוואַליעס פון ים,
דער טעם, וואָס שטייגט פון זומערדיקן גרונט —
ווען די ערשטע אוגערקעס
קומען אויף אין גאַרטן
פון ביידע זייטן שרונט.

ס׳רופֿט מיך דער טולפּאַן,
וואָס איז איצט אָפֿן
און איינגעהילט אין בלענדנדיקע פֿאַרבן,
דער באַגינען פֿון פֿרילינג
און פֿון זומער דער סוף —
איך זאָל זיי אַלעמען איינזאַמלען אין סטראָפֿן.

## דער טאָג פאַרגייט

מיט בלויקייט, מיט שלום,
קומט אָן דער ערשטער שאָטן פון אָוונט,
שפרייט זיך ווייט און נאָענט.

וועגן לאַנגע, אויסגעחלומטע,
קומען מיט דאָרפישער שטילקייט אַנטקעגן,
פאַרשפינען אין שפורן פון אונדזערע טריט
זייער בענקען נאָך רעגן.

דיין אויגן־שיין גייט אויף מיט מילדקייט,
דו רופסט מיין נאָמען אָן מיט שטילקייט ,
אין מיין געמיט ווערט אַ רויִקייט פאַרשפרייט,
דער טאָג פאַרגייט —
אויף די באַרגשפיצן,
אויף די העלדזער פון פורפורנע פעלזן
פאַלט דער אָוונט.

אַ פרעמדער וועג ווערט נאָענט,
שאַרט זיך צו אונדזערע טריט
מיט היימלעכן געמיט.

זע,
אַ שטילע אַלייע, וואָס לויפט זיגזאַגיש
האָט אויף אונדז דאָ אָפּגעוואַרט :
אירע טאָפּאָלן קוקן פאַרבענקט —
די קעפּ אַהין געבויגן,
ווּו דער אלול
האָט די פייגל אַוועקגעצויגן,

בענקען און וואַרטן —
שושקען טאָפּאָלבלעטער מאַגיש,
ווייטן ווערן נאָענט,
ס'פּאַרזאַמט זיך אויף פליגל פון גרויע טויבן
דאָס לעצטע ביסל ראָז
פון ערב־אָוונט.

אַזאַ שפע אָטעמט אַרויס פון פעלד,
ווי בונטע טרויבן רייצן
מיט זייער זאַפטיקייט.

אַ האַרבסטיקער גאָרטן
אָטעמט מיט זעט,
רייפע פירות רייצן מיט רויט און גרין,
אַ באַרנבוים איז פאַרפּלאָנטערט
אין סך־הכל פון פרוכטיקן זין
און אין צייטיקייט־געשפין.

אויף דעם אַפריקאָסן־בוים
וויגט זיך אַ צווייג,
טוט איר פרוכט צו ערד אַ וואָרף,
און רירט אָן די שטילקייט פון דאָרף.

# שאָטן

ס׳איז הײס,
ס׳שלאָפֿן די שטיבלעך,
אין גליִונג פֿון שטראַלן בליִען די בלומען —
זײ האָבן די קעפּלעך אַרונטערגעבױגן אין פֿיבער,
אין דער שטילקײט האָט אַרײַנגעזשומט
די זום־זום־בינען־שפּראַך,
דער װינט האָט זיך פֿאַרטשעפּעט
מיט אַ ליליע בײַם טײַך,
האָט זיך דאָרט פֿאַרזאַמט,
געשטיפֿט און געלאַכט.

דער בױם האָט אױסגעטאָן זײַן מאַנטל,
אַרומגעצערטלט עס מיט װײכקײט פֿון זײַנע בלעטער
און אױסגעשפּרײט אױף דער לאָנקע
אַרום און אַרום אין שטח פֿון זײַן קרױן,
אונטער קילן צודעק האָט די זון אױפֿגעהערט צו בראָטן,
פֿון די צװײַגן האָט אַ גלעט אַראָפּגעקלעטערט,
ס׳איז הײמלעך, ס׳איז קיל
אונטערן בױם —
אַ דאַנק די געטער פֿאַר דעם שאָטן.

# אין אַ פּרוכטגאָרטן

ווי אַ קרוין ליגט דער צעפּלאַמטער פאַרנאַכט
אויף די שפּיצן בערג.
אַן אַלט באַקאַנטער וועג קומט מיר אַנטקעגן,
נאָך אים גייט נאָך אַ שאָטן אַן אינטימער,
דער גאָרטן רופט אונדז צו זיך
מיט זיין פּרוכטיקער משפּחה —
מיינע ליפּן שעפּטשען שטיל אַ ברכה.

ס'שמעקן מיט רייפקייט די גאָלדענע אַפּריקאָסן,
זיי הענגען אַרונטער קערנדיק און שווער —
ביז זיי טוען אַ פאַל צו דער ערד.
אויף די בלויע פלוימען פאַרדרימלט
גליט פּורפּור פון פאַרנאַכטיקן הימל,
ביז זיי פאַררויטלען זיך,
באַהאַלטן זיך צווישן די בלעטער,
ווי זיי וואָלטן זיך פאַרשעמען.

פון רייפקייט
רייסן די הויט אויף זיך די פייגן —
זייער זיסקייט אַרויסצוצייגן.
די ניס זיינען גרין און ניכטער,
זיין קוקן אַרויס פון בלעטער געדיכטע —
ווי קומט צו זיי אַ יידישער דיכטער?

ביים ברעג פון וועג
בליִען די אירים-בלומען,
זיי שפילן זיך מיט שעלמישע קאָלירן
פון געל, פיאָלעט און ברוין,
זייער אַראָמאַט איז פון פרישע זיסע נעכט.
מען קען ניט וויסן,
צי זיי שמייכלען, צי זיי שטוינען.

ביים שטיינערנעם פלויט
זיינען יונגע בעריאָזעס געגאַנגען פאַרביי —
צו באַזוכן דעם גאָרטן פון פרוכט,
צו באַהיטן דעם גאָרטן —
און דאָ געבליבן שטיין.

## דער זייער

דער אַקער ליגט ביים זייט אַ מידער,
אין פרוכטבאַרקייט און פרישער
ליגט די ערד מיט צוזאָג ווידער,
עס נעמען איר דורך די ברכות פון זייער,
וואָס קלינגען אין זיינע לידער,
ער שענקט איר קערנער מיט פולער זשמעניע
און בענטשט איר מיט זיין בטחון.
עס בליט אַ ליכטיקייט אין זיין פּנים,
געטריישאַפט פאַלט פון זיינע ברעמען,
זיין ליבשאַפט פאַלט דורך זריעה צו ערד —
און די ערד טוט אַלץ פאַרנעמען.

אַנטקעגן דעם זייער
קומען זונשטראַלן
און פלעכטן זיך אין קערנער איין
און אין האָפענונג פון זאַנג,
אין ערלעכער מי,
און ריינעם געוויסן,
און ס׳שפרייט זיך אויף ערד אַ געוועב
פון ליבשאַפט, פון זון, פון מי, און פון ביסן.

# פֿאַר נאַכט

ס׳פֿאַלט אַ שטילקייט
מחיהדיק און קיל.
באַרג און בוים שטייען פֿאַרטראַכט,
ס׳שפּיגלט זיך אין טייך
אַ ראָזלעך־זיסער וואָלקנשפּיל
און וועקט אין מענטש אַ בענקענדיק געפֿיל,
אַ טונקעלער פֿליגל טוט אַ שוועב מיט פֿאַר נאַכט.

אין בלויען שלייער פֿאַרשפּינט
קומען בערג אַלץ נענטער צום טאָל
פּלאַפּלט עפּעס דער פּאַלמען־ווייער
צום טאַקט פֿון ווינט.

אַ ביסל וואַרעמקייט איז פֿאַרבליבן
אויף אָנגעגליטן שטיין,
אַ געשפּאַנטקייט פֿאַרוויקלט אין שאָטנס
בלאָנדזשעט אַרום
און זוכט לידער. וואָס זינגען זיך אַליין.

אַ בענקשאַפֿט טוט אַ פֿלאַטער,
ווינקט אַ שטערן צו אַ שטערן,
אַ וואַסער־קוואַלעכל פֿון באַרג
טוט די שטילקייט שטערן.

## קאַליפאָרניער מאָטיוון

דיין גלאָריע, קאַליפאָרניע. גליט יונג און וואַך
מיט ברויז פון קליינע קינדער,
וואָס טוען אַ צעשאָט אין דער פרי זייער פרייד,
קלינגענדיק פון לאַכן און פון שטיפן
אויף צעבליטער קווייט.

פאַרטרונקען אין גערטנער
קושט די ערד זייערע דריבנע טריט מיט בליטן,
וואָס פאַלן פון בוים אין ראָזן געשריפט,
ווי קערנדלעך אין אַ זאַנג
צייטיקט דער קוש אין זיי אַ לעבן לאַנג.

דיין קלינגענדיקע וואָר
מישט זיך מיט מאַגישן געשוויג,
ווען אין דיינע וואַסערן שווימען אַרום
שטאָלצע, שלאַנקע שוואַנען —
זיי האַלדזן אַרום די ברעגן פון טייך
מיט זייער ווייסער גראַציע,
זיי מאַניעט דער אויפגעוואַכטער אַראָמאַט
פון מאַגנאָליאַ־געצווייג.

ערב פרילינג
קומען צו דיינע פאַלמען
ווינטן פאַרבענקטע
און טראָגן אַוועק פון מערב צו מזרח

שטילקייט און רו —
פאַרוויקלט אין אַ וואַרעמען
געדענקען.

צו דיינע בערג, קאַליפאָרניע,
אויף סטעזשקעס זונפאַרברענטע
קומען פאַרטרוימטע לייט
זוכן אַ פאַרשלייערטן פורפּול
אין די „עווערגרין”-בלעטער
און אין דער זון —
אַ פאַרכישופטע מחשבה.

דיינע וואַסער-קוואַלן
שלעפּן אַראָפּ פון די בערג
שאַלן פון שניי,
פלעכטן אוים פון זיי זילבערנע צעפּ,
וואָס לויפן אַרונטער
מיט אַ דינעם, דינעם שפּריי
און זינגען צום טאָל אַרויס
דעם זיסן ברוין פון בערג
און די דוכטעניש פון זייערע קעפּ.

סיי ווינטער, סיי זומער
שיכורן די בינען מיט אַפּעלסינען-צוויט,
די ליבשאַפט און די זיסשאַפט
פון דיין „גלאָרי”,
פאַרוועבט דער פּאָעט אין זיין ליד.

# פייגל פון גן־עדן־בלום

אַ שאַרפער רויש איינגעשפּאַנט אין שווייגן
פּלאַטערט
אין דיינע צעשפּיצטע צווייגן,
צעפּאָכעטע פליגל פון גן־עדן־בלום,
אפשר איז אין דיר
אַן איינגעשטילטער פויגל פאַרזיגלט.

אין די קאָלירן פון דיינע גלידער
דרימלט אַ בענקשאַפט צו וואַנדער,
אַזוי ווי ביי די פייגל אין זייערע לידער,
וואָס קומען אָן אין פרילינג ווידער —
די פרישע טעג צו באַזינגען.

אין דיינע שטרענגע שפּיצן
אַ גאָלדענע פּאַסמע זון טוט אַ דערפריי,
ס'שאַטנט אַ פאַרחלומטער וויאָלעט
און טוט אַ פאַרטרויער,
ווי אַ פאַרבענקטער פאַרנאַכט,
וואָס ציט זיך צום געמיט פון פּאָעט.

שאָטנס אין סודות פאַרשפּינט
לאָזן זיך אַראָפּ צו דיר און קניִען,
ווינטן שטיפן אַריין אין דיר אַ כּישוף,
וואָס לאָקט דיר צום פליִען.

## אָנהייב פרילינג

די ערשטע —
זענען די פלאַטערלעך בלומען —
צו ברענגען פרילינג־געמיט.
זיי לויפן אַרום,
פאַרפלייצן מיין גאָרטן
און פאַרבלאָנדזשען צו מיר אין ליד.

אין אַחדות פאַרקייטלט
צירן זיי זיך אין קאָלירן אַלערליי,
אין זייער פאַרטראַכטקייט צויבערט שׂכל,
זיי קוקן אויס
ווי קליינע פנימלעך, וואָס שמייכלען;
ווי אַ חברה שרעטעלעך
אין סאַמעטענע בלעטעלעך,
זיי לאַשטשען דיין אויג
מיט חלום און מיט וואָר,
די בלעטלעך אין קאָליר פון גאָלד
באַהאַלטן זייער סוד
אין לילאָווע שפּורן.

סיריז געפלאָכטן אין בלוי,
אָדערלעך פון ראָז
האַלטן דיין בליק געפאַנגען
און וועקן אַלץ וואָס איז פאַרגאַנגען.

ס'שפּרייט זיך פֿאַרפֿיום
ווי באַרוישונג פֿון וויין —
פֿאַרביק, זיס און סובטיל,
פֿאַראַדנע און שטיל
קומט דער פֿרילינג געפֿינען זין פֿאַרן זיין.

# ערד

ערד פון פעלד און זעט און זאַנג,
ס'איז גוט אין באַגינען זיך צוהערן
צו דיין קילן איינגעהאַלטענעם אָטעם.
ווען דו וואַרטסט אויף זונאויפגאַנג,
ווען דער ערשטער שטראַל טוט אַ פלאַקער
אַנטקעגן דעם ערשטן טראָט פון מענטש,
וואָס שפּאַנט אין פעלד
מיט בטחון און אַקער
און זינגט פאַר זיך און צו דיר
אַ שטילן זמר פון פרימאָרגן ביז דעמער,
און דו נעמסט אַריין אין דיינע אינגעווייִדן
זיין מי, זיין האָפענונג און גערעטעניש —
ווילט זיך זינגען צו אייך ביידן —
צו דעם מענטש וואָס האָפט און צווייפלט,
צו דיין שפע פון ברויט,
וואָס דו קערסט אים אום געכפלט.

דערהויבענע ערד,
וויפל קאַלטער ערנסט
ליגט אין די שפּיצן פון דיינע בערג די גרויע,
די שאָטנס אַרום זיי
וויקלען זיך אין סודות און אין שויץ,
זייער קרוין פון שניי,
וואָס הערט זיך איין צום בליִען פון שטערן
רופט צו שפּירונג פון דויער.

## ביי די ברעגן פון וואַלד

ס'איז האַרבסט.
דער ווינט טוט אַ נעם אויף זיינע פליגל
דעם פליסטער פון פאַלנדיקע בלעטער
און טראָגט אים אַוועק
צו אַ ווייטן שפּעטער.
אַ פאַרכישופטע שטיי איך ביי דער סטעזשקע
מיט ציטערניש —
כ'זאָל חלילה ניט פאַרבלאָנדזשען,
כאָטש כ'ביז שוין געווען אַ פּאָר מאָל אין וואַלד...
און עס שפּירט זיך אַ זין פון זיין,
נאָר אַפילו אַ דערהויבונג
קען אַ מאָל אַ שטרויכלונג ווערן.
ס'שרעקט מיך צו שטיין
אונטער די קרעפּטיקע דעמבעס,
ס'איז פאַרנאַכטלעך
און כ'בין אַליין,
אָבער כ'לאָז זיך פּאַמעלעך גיין.

ס'לאָקט:
ס'טייכל וואָס ברומט אַ ניגונדל,
אַ מיסטעריעזער שעפּטש: קום, קום,
דער טעפּעך פון בלעטערוואַרג,
וואָס שפּרייט זיך אויף ערד,
די סודות, וואָס שעפּטשען צווישן זיך די ביימער,

דער רייץ פון די בלעטער
אין געל־רויטלעכן עמבער —
זיי רעגן מיין דמיון :
צי וועל איך זוכה זיין
ביי מיין סוף
אַנטרינען ווערן
מיט אַזוי פיל שיינקייט ווי זיי.

די יונגע ביימעלעך,
וואָס פלייסן זיך צו וואַקסן.
איך לאָז זיך אַריין אין וואַלד
און טוליע זיך צו צו זיי
מיט מיין אַקסל,
כ׳וויקל זיי אַרום מיט מיין פרייד,
כ׳פאַרגעס זיך אין מיינע זאָרגן.
כ׳וועל ווידער צו זיי קומען,
אַז גאָט וועט לאָזן לעבן ביז מאָרגן.

# אינהאַלט

## ניט אויף ברויט אַליין



## זאַנגען צום שייער

## לכבוד



## פּייזאַזשן

